# פון פאלקס מויל

**טויזענט אידישע שפריכווערטער**

געזאמעלט פון

**שלום כ״ץ**

און ארויסגעגעבן

אונטער דער רעדאקציע פון

**ק. הורוויטש**

טאָראָנטאָ, נאָוועמבער 1940.

---

**1000 YIDDISH PROVERBS**

Collected and Published by

SHOLOM KATZ

Toronto, November, 1940.

*Printed by the Morris Printing Company*

7

# לכבוד אונזערע מאמעס און באבעס

שוין צענדליגער יאָרען אז איך זאמעל און פארצייכען אי־דישע שפריכווערטער, וואָס איז פאקטיש די שאפונג פון אונזערע מאמעס און באבעס.



עס איז געווען א גליק־ליכער איינפאל צו זאמ־לען, פארצייכענען און ארויסגעבען אין בוך פאָרם די חכמות, שארפ־זין און מוסר השכל'ס וואָס איז געשאפען גע־וואָרען סיי אין גרוים צער סיי אין פריידיגער איבערלעבעניש פון אונ־זערע מאמעס און באבעס אין משך פון דורות און דורות.

איך האלט עס פאר א גרויסען חוב אויסצודרי־קען דעם טיפסטען דאנק און אנערקענונג צו די ליבע פריינט וואָס האָבען מאָראליש און טעכניש געהאלפען אין דער אויסגאבע.

איך וויל ביי דער געלעגענהייט אויך אויסדריקען א האר־ציגען דאנק אין פאָראויס די אלע פריינט און סימפאטיקער וואָס וועלען העלפען פארשפרייטען די „אידישע שפריכווערטער" וואָס איז אָן ספק א וויכטיגער ביישטראג צו דער זאמלונג פון אי־דישען פאָלקלאר.

**שלום כּ״ץ.**

טאָראָנטאָ, נאָוועמבער 1940.

# שפּריכווערטער און זייער באַדייטונג

די טויזענט שפּריכווערטער, וואָס מיר לייגען דאָ פאַר דעם לייענער, זיינען בלויז א קליינער טייל פון די טויזענטער און טויזענטער וואָס געהן ארום צווישען פאָלק. אידישע וויסענ־שאפטלער האָבען נאָך מיט פילע יאָרען צוריק פארשטאנען דעם קולטור היסטאָרישען ווערט פון די דאזיגע קורצע שפּרוכען, וועלכע דריקען אוים קורץ און שאַרף א געדאנק, א מיינונג, וועגען א לעבענס פּאסירונג, און האָבען זיי געזאמעלט, כדי אויסצו־פאָרשען דאָס אידישע לעבען פון פריהערדיגע יאָרען.

דער שפּריכוואָרט ווערט באַצייכענט אלס א פאָלקס שאפונג, ווייל ער איז ניט געשאפען געוואָרען פון קיין באַשטימטער פּער־זאָן. אוודאי האָט עס אימיצער געמוזט צום ערשטען ארויס־זאָגען, און אויב עס האָט ריכטיג אויסגעדריקט דעם געדאנק האָט עס זיך „אָנגענומען", און האָט זיך באַלד פארשפּרייט צווישען פאָלק.

ווי דער לייענער וועט זיך איבערצייגען פון לייענען און איבערטראכטען די שפּריכווערטער, ליגט אין זיי באהאלטען די לעבענס דערפארונג, די מיינונגען און געפילען פון אונזערע פאָלקס מאסען, און דעריבער האָבען מיר דאָס ביכעל א נאָמען געגעבען „פון פאָלקס מויל".

ערגעץ וואו, מסתמא ביים „אידישען וויסענשאפטליכען אינסטיטוט", געפינט זיך א זאמלונג פון פיל מער שפּריכווער־טער, ווי עס איז געלונגען חבר שלום כץ צו זאמלען, מיר האָבען געפונען פאַר ראטזאם ארויסצוגעבען די טויזענט, ווייל א סך לייענער פון „אידישען זשורנאל", וואו זיי האָבען זיך געדרוקט יעדען פרייטאָג, האָבען אויסגעדריקט זייער פארלאנג דערצו, און מיר האָבען גערעכענט, אז די וואָס וועלען דאָס ביכעל קויפען וועלען דערפון האָבען א גייסטיגען גענוס.

ק. הורוויטש.

# וועגן פרנסה, רייכטום און אָרימקייט

אַ רייכער אָרימאַן
איז אַ שיינער דלות.

אויב ניט מיט פעסער,
זאָל כאָטש זיין מיט קאַנען.

געלט איז די וועלט,
און די וועלט איז געלט.

אָרימע קרובים
זעצט מען הינטערן אויוון.

אַז מען לעגט ניט אַריין טאַקע,
נעמט מען אַרויס אַ מכה.

אַ בייטעל אָן געלט,
איז נאָר אַ שטיק לעדער.

אַ בעל מלאכה
שטאַרבט ניט פון הונגער.

אַ ברונעם שעפט זיך אויך אויס.

בא אַן אָרימאַן אַ צווילינג,
איז אַ פינפטער ראָד צום וואָגען.

אַ גאָלדענער שליסעל,
עפענט אַלע טירען.

א געפאלענעם,
טרעט מען מיט די פיס.

א געשאנקענעם פערד,
קוקט מען ניט אין די ציין.

פון א חזיר א האָר,
איז אויך גוט.

פון איטליכען הויז,
טראָגט מען עפעס ארויס.

פון על חטא,
ווערט מען ניט פעט.

אויסגעוואנדערט אלע לענדער
און א היים געקומען אָן הויזען און אָן העמדער.

אז מען בריהט זיך אָפּ אויף הייסען,
בלאָזט מען אויף קאלטען.

אז עס פעלט פרנסה,
הערט אויף דער שלום בית.

א טיר צו דער גאס,
איז א פענסטער צום הימעל.

אז מען זוכט חלה,
פארלירט מען ברויט.

אז מען טרינקט זיך,
כאפט מען זיך אָן א שטרוי.

אז מען כאפּט,
קריגט מען געקלאפּט.

ערליך איז שווערליך.

אז מען קען ניט אריבער,
מוז מען ארונטער.

אז מען שמירט,
פאָרט מען.

אז עס געהט,
געהט עס דורך טיר און טויער.

בעסער א רייכער שכן,
איידער אן אָרימער באלעבאָס.

דער בעסטער בטוח,
איז די אייגענע קעשענע.

ווי עס וועט זיין מיט כל ישראל,
וועט זיין מיט ר׳ ישראל.

אלע אָרימע לייט,
האָבען גוטע הערצער.

אן אָרימאן קוויקט זיך
מיט חלשות טראָפּען.

א סך מלאכות,
איז ווייניג ברכות.

יעדער הונט
איז א באלעבאָס אויף זיין מיסט.

ס'איז בעסער מיט א קלוגען צו פארלירען,
איידער מיט א נאר צו געווינען,

עס איז גוט צו זיין א באלעבאָס,
אז עס איז דאָ מיט וואָס.

קלאפּ דאָס אייזען,
כל זמן עס איז נאָך היים.

צו ברויט
געפינט מען שוין א מעסער.

קיינער ווייסט ניט,
וועמען דער שוך קוועטשט.

אז גאָט גיט מיטן לעפעל,
גיבען מענשען מיטן שעפעל.

אז גאָט וויל,
שיסט א בעזים.

אז אן אָרימאן דערזעהט א גראָשען,
שפּרינגט ער פון דער הויט ארויס.

אז דער שטיין ליגט אויף איין אָרט,
ווערט ער אויך באוואקסען מיט גראָז.

אזוי לאנג ווי דאָס רעדעל דרעהט זיך,
דרעהט עס זיך.

אז מען איז פויל,
האָט מען ניט אין מויל.

ווען פרעהט זיך אן אָרימאן?
ווען ער פארלירט און געפינט.

לויט די באקען,
דערקענט מען ווי די ציין קנאקען.

מען לאָזט פאלען א בעט-געוואנט,
און מען הויבט אויף א פעדער.

עס דאכט זיך, בא יענעם לאכט זיך;
קומסט צו דער טיר — ערגער ווי ביי מיר.

אז מען גיט ניט יעקב'ן,
גיט מען עשו'ן.

אז מען גנב'עט ארויס דאָס פערד,
שליסט מען צו די שטאל.

אז מען דארף דעם גנב,
שנייד מען אים אָפּ פון דער תליה.

אז מען האָט די מטבע,
האָט מען די דעה.

אז מען האָט ניט קיין ברויט,
איז ערגער ווי דער טויט.

אז מען כאַפּט,
בריהט מען זיך אָפּ.

אז מען לעבט אָן חשבון,
שטאַרבט מען אָן ווידוי.

אז מען קוקט ניט צו מיט די אויגען,
דערלייגט מען מיט דער קעשענע.

אָרים און רייך,
זיינען אין קבר גלייך.

בעסער דאָס שלעכטע פון גאָט,
איידער דאָס גוטע פון מענשען.

בעסער דאָס שלעכטע פון גוטען,
איידער דאָס גוטע פון שלעכטען.

לייגט ניט א געזונטען קאָפּ,
אין א קראַנקען בעט.

מען קען קיין מענש ניט דערקענען,
ביז מען האַנדעלט ניט מיט אים.

נאָך א שרפה
ווערט מען רייך.

אלע אָרימע לייט
האָבען גוטע הערצער.

אלע שוסטערס
געהען באָרוועס.

א מלאכה איז א מלוכה.

א משכון זאָל מען פארזעצען,
און אן עושר זאָל מען זיין.

אן אָרימאן
איז ווי א לעכערדיגער זאק.

אָן געלט איז קיין וועלט.

אָפגערעכענט איז האלב באצאָלט.

א פרעמדער ביסען שמעקט זים.

א קאץ קען אויך קאליע מאכען.

ארבעט איז קיין שאנד.

א ריינער חשבון,
איז א האלבער סילוק.

אָרעם איז קיין שאנד,
אָבער אויך קיין גרויסער כבוד.

אז מען זוכט,
געפינט מען.

אז עס איז דאָ אויף פיש,
איז אויך דאָ אויף פעפער.

דער גוי איז טריף,
זיין גראָשען איז כשר.

אידישע עשירות
איז ווי א שניי אין מערץ.

איינער האָט דעם בייטעל,
דער אנדערער דאָס געלט.

געלט איז קיילעכדיג,
אמאָל דאָ, א מאָל דאָרט.

געלט געהט צו געלט.

ביי א פעטען טאָפּ
איז זיך גוט צו רייבען.

וואו דלפון איז אן עושר,
איז ויזתא א חכם.

המבדיל בין קודש לחול,
ווער עס האָט געלט, דעם איז וואויל.

וואו עס איז איבעריג,
דארט פעהלט.

דער גביר בלאָזט זיך
און דער אָרימאַן ווערט געשוואָלען.

אַן אָרימאַן
טאָר קיין בעל צדקה ניט זיין.

באָרגען מאַכט זאָרגען.

בעסער שלעכט געלעבט,
איידער גוט געשטאָרבען.

בעסער אַן אויפגעקומענער גביר,
איידער אַן אָפּגעקומענער עושר.

ברויט און זאַלץ צו עסען,
אַבי דעם אמת ניט פאַרגעסען.

בעסער אַ כשר׳ער גראָשען,
איידער אַ טריפה׳נער גילדען.

געלט באָרגען און ליב האָבען,
קאָן מען קיינעם ניט נויטען.

אַז מ׳איז צו גוט,
עסען די ווערים.

אַז מ׳גיט מאָנען ירושה,
באַצאָלט מען קבורה געלט.

אַ לעבען אין נויט, איז נאָך אַלץ בעסער,
ווי דער שענסטער טויט.

ס'איז בעסער א קראנקע קעשענע,
איידער א קראנקע נשמה.

ס'איז בעסער א געזונטער ארימאן,
ווי א קראנקער עושר.

עס איז נישטאָ קיין שלעכטע מטבע
פאר א סוחר.

מיט תהילים זאָגען
קאן מען קיין וועקסלען ניט צאָלען.

פרנסה היילט אלע מכות.

פארן מאָרגען זאָל גאָט זאָרגען.

פון שניי קען מען קיין
גאמעלקעס ניט מאכען.

פון א שלעכטען משרת
האָט דער באלעבאָס נאָר צרות.

א בעל חוב איז א בעל יסורים.

אן אָרימאן איז א בעל צדקה
אויף יענעמס קעשענע.

אז מען לעגט אריין קדחת,
נעמט מען ארויס א קרענק.

ביים פריץ מערען זיך די רינדער,
ביים אָרימאן מערען זיך די קינדער.

בעסער אן אייגענער סענט
ווי א פרעמדער דאלער,

בעסער א גראָשען ביי זיך,
איידער א קערבעל ביי יענעם.

געבענשט זיינען די הענט
וואָס טוען פאר זיך אליין.

דער אָרימאן איז גערן,
אז ער בלייבט ביים קרן.

דער וואָס גיט לעבען,
גיט אויך צום לעבען.

דער חשבון איז צדק,
און די קעשענע איז געשעדיגט.

די שווערסטע ארבעט איז
ארומצוגעהן ליידיג.

דעם ליגנער'ס נאמנות,
איז ווי דעם מסור'ס רחמנות.

ווען דער פיסק וואָלט געלעגען אין דר'ערד,
וואלט דער קאפ געגאנגען אין גאלד אָנגעטאָן.

ווער עס ווערט רייך פון גזילה און רציחה,
דער האָט נישט קיין מנוחה.

וואָס גאָט גיט,
דאַרף מען אָננעמען פאַר ליב.

ווען כינים זאָלען זיין מעות,
וואָלט ער געווען א גרויסער באַלעבאָס.

וואוהין קריכסטו שלים-מזל?
צום אָרימאַן.

נויט ברעכט אייזען,
דלות ברעכט שלעסער.

מען חנפ׳ט ניט דעם נגיד,
נאָר זיין געלט.

וואָס אַן אָרימאַן רייסט ניט אָפּ מיט גוואַלד,
דאָס האָט ער ניט.

פון נעמען ווערט מען ניט אָרים.

פאַר מאָרגען,
זאָל גאָט זאָרגען.

פאַר נויט,
עסט מען ווייס ברויט.

ערליך איז שווערליך.

דער אָרימאַן עסט די לונגען,
ווי דער עושר דאָס ברוסט פלייש.

איינער בענשט מזומן,
דער אנדערער האָט מזומן.

א אידענ׳ס פּרנסה איז יגון ואנחה,
און זיין גליק איז א מערכה.

אז מ׳האנדעלט מיט א נאָדעל,
האָט מען א נאָדעל.

אז מען פארזעצט דעם טלית,
איז שוין א סימן דלות.

אָן הוצאה
איז ניטאָ קיין הכנסה.

איטליכער באלעבאָס
האָט פליי אין נאָז.

אז מ׳האנדעלט מיט האָניג האָט מען א לעק,
אז מ׳האנדעלט מיט טאבאק האָט מען א שמעק,
אז מ׳האנדעלט מיט גאָרניט האָט מען גאָרניט.

א געפאלענעם העלפט גאָט.

ביים אָרימאַן
ווערט די חכמה דערשלאָגען.

געלט האָט א מיאוס׳ן טאטען,
און איז דאך א יחסן.

ווילסטו רייך ווערן,
זיי זיבען יאָר א חזיר.

קויף אַן אָקס פאר א גראָשען,
אז ס'איז ניטאָ דער גראָשען.

אז מען זאָל ווארטען אויף דעם לוח'ס „פּאָגאָדע",
וואָלט מען קיינמאָל קיין ברויט ניט געהאט.

דער דאָלער איז דער גרעסטער יחסן.

מיט חכמה גערהט מען נישט אין מארק אריין.

מ'וואָלט געקענט לעבען,
נאָר מ'לאָזט נישט.

מען שטארבט ניט פון הונגער,
נאָר פון כבוד.

ס'איז נאָך א נס,
וואָס דער מאָגען איז ניט פון גלאָז.

ס'איז בעסער א לאָך אין קעשענע,
איידער א לאָך אין הארצען.

ס'איז בעסער אַן אונץ מזל,
ווי א פונט גאָלד.

פון בלויז וואסער,
קאָן מען קיין קרופּניק ניט קאָכען.

פון צוזאָגען ביז געבען,
איז א גרויסער מהלך.

א סך באלעבאטים,
ווייניג מזל ברכה.

אז מען רייבט זיך ארום א נגיד,
רייבט מען זיך אויס א לאָך.

אז א נגיד קומט אָפּ און אן אָרימאן קומט אויף,
איז נאָך אלין ניט גלייך.

אן אויפגעקומענער עושר,
האָט פיינט אן אָרימאן.

דלות מאכט פסלות.

דער דלות
לעגט זיך צוערשט אויפן פנים.

אן עושר האָט תמיד
א שיינע טאָכטער.

ביי א קבצן
וואקסען די קינדער געדיכטער.

וואָס מער קבצן, מער הוליאקע,
וואָס מער נגיד מער סוויניאקע.

א קבצן איז די בעסטע שמירה.

הוליע קבצן,
צרות קאסטען קיין געלט ניט.

א איד קאָן אלע מלאכות:
פסח איז ער א בעקער;
שבועות — א גערטנער;
תשעה באב — א זעלנער;
סכות — א בוי מייסטער;
חנוכה — א בלאי גיסער;
ראש השנה — א שופר בלאָזער.

לאנג געדונגען,
אָבער ערליך באצאָלט.

די מלאכה דארף מען קענען.
און יושר דארף מען האָבען.

אז מען האָט אין האנט א מלאכה,
קומט אריין די ברכה.

א מלאכה איז א מלוכה,
אָבער עס גיט ניט קיין מנוחה.

די מלאכה האָט ליב,
צו מאכען ברכה.

טו נאָר פלייסיג דיין מלאכה,
וועט שוין קומען די מזל ברכה.

פרנסה איז דעם מאנ׳ס מזל,
קינדער זיינען דער ווייב׳ס מזל.

אלע מיאוסע פרנסות,
האָבען שיינע מזלות.

אז מען האָט מעות,
איז מען באלעבאָס.

אז גאָט לאָזט לעבען,
מוז ער דערצו מעות געבען.

## פאמיליען לעבען, חתן כלה, ליבע און מזל

אז דער מזל איז קליין,
העלפט ניט קיין געוויין.

אז מען האָט מזל,
דארף מען קיין חכם ניט זיין.

אז מען האָט זיך באמת ליב,
קען מען שלאָפען אויף א שארף פון א שווערד.

אז מען האָט ליב דאָס ווייב,
האָט מען ליב איר גאנצע משפחה.

אויס די אויגען,
אויס דעם הארצען.

וואו עס זיינען דאָ א סך באלעבאָסטעס,
איז די שטוב ניט אויסגעקערט.

ווען אן אלטער מאן נעמט א בתולה,
האָבעןביידע ניט קיין גדולה.

איטליכעס קינד
ווערט געבוירען מיט זיין מזל.

צוזאָגען און ניט געבען,
מאכט א בייז לעבען.

קליינע קינדער — קליינע צרות,
גרויסע קינדער — גרויסע צרות.

צוויי קעץ אין איין זאק,
קענען קיין שלום ניט האָבען.

אז דאָס ווייב גייט אין ספּאָדעק,
געהט דער מאן אין פּאנטאפעל.

אז מען איילט זיך,
האָט מען א מיידעל.

אז מען קלייבט צופיל,
פאלט מען אין א בלאָטע אריין.

אין דער שיסעל
ליגט דער שלום בית.

גאָט זיצט אויבען,
און פּאָרט אונטען.

חתן־כלה האָבען גלעזערנע אויגען.

ניט אלעס איז גאלד
וואָס עס גלאנצט.

א מאן ווי א מויז און א ווייב ווי א הויז,
איז נאָך ניט גלייך.

א שטוב אָן א באלעבאָסטע,
איז ווי א וואָגען אָן רעדער.

א בחור טאָר קיין שדכן ניט זיין.

אז די באלעבאָסטע איז א קאַץ,
איז די קאַץ א באלעבאָסטע.

אז די באלעבאָסטע איז א שלים־מזל'ניצע,
איז די קאַץ א בריה.

א מאמע דעקט צו די קינדער'ס חסרונות,
און דעם מאנ'ס בזיונות.

א מיידעל, אז מען מאכט ניט חתונה,
מאכט זיך אליין חתונה.

דער בעסטער ביסען,
קומט אָן דעם ערגסטען קינד.

איידער דער טאטע איז געבוירען געוואָרען,
שטייט שוין דער זון אויפן דאך.

איין פאָטער קען אויסהאלטען צען קינדער,
אָבער צען קינדער קענען איין פאָטער ניט אויסהאלטען.

אן אונגעבעטענער גאסט איז ערגער ווי א בלאָטער.

דאָס עפּעלע פאַלט ניט ווייט פון בוים.

דאָס שמאלץ רינט אויס,
און דאָס גרוב בלייבט.

בעסער אז דער מאן שמעקט מיט ווינט,
ווי מיט רויך.

זי האָט אסתר המלכה׳ס חן,
און מרדכי הצדיק׳ס פרומקייט.

וואָס די ערד דעקט צו,
מוז מען פארגעסען.

ווען עס פאלט,
פאלט עס מיט דער פוטער אראָפּ.

ווער עס האָט קינדער אין די וויגען,
מוז לאָזען לייטען צופרידען.

דער טאַטע אַ וואָלף,
דער זון אַ הונט.

ווער עס וואוינט אין אַ גלעזערנער הויז,
טאָר אויף קיינעם קיין שטיינער ניט וואַרפן.

אַ שטוב דאַרף האָבן אַ באַלעבאָסטע,
און אַ שטאָל דאַרף האָבן אַ באַלעבאָס.

אויף אַ שטוב בויען און אַ קינד אויסגעבן,
איז דאָ ביי גאָט אַ באַזונדער אוצר.

אַ מויד מיט אַ הויקער,
מאַכט זאָרג ערב ובוקר.

איטליכע משפחה,
האָט זיך איר סרחה.

מיט וועמען אָפּצולאָזן אַ שידוך,
איז וויכטיגער ווי מיט וועמען צו טאָן אַ שידוך.

נדן קענען עלטערען געבען,
אָבער ניט קיין מזל.

נישט דאָס וואָס איז שעהן,
נאָר דאָס וואָס איז ליב.

ס׳איז בעסער אַן אונץ מזל,
ווי אַ פונט גאָלד.

פון קרומע שידוכים,
קומען ארוים גלייכע קינדער.

צווישען מאן און ווייב,
איז נאָר גאָט א שופט.

צוליב שלום בית,
מעג מען זאָגען א ליגען.

אז אן אלטער בחור שטארבט,
האָבען מיידלאך א נקמה.

אָנווערען נדן און ירושה,
איז ניט קיין בושה.

א שניידער'ס א ווייב,
איז ניט קיין אשת איש.

א משומד אין דער משפחה
קומט אמאָל אויך צונוץ.

ניטאָ קיין מזומנים,
איז אוים מחותנים.

א שדוך זאָל מען טאָן אין דער היים,
א גנבה זאָל מען מאכען אין דער פרעמד.

אומעטום איז גוט,
אָבער אין דער היים איז נאָך בעסער.

א ווייב איז גוט צום לייב,
אָבער ניט צו דער נשמה.

אלטע ליבע זשאווערט ניט.

אן אשת חיל גיט דעם מאן
א האלבע פּרנסה.

א גרוש איז ניט קיין פּרוש.

א פּריץ האָט אינזיינען פערד און הינט,
א איד האָט אינזיינען ווייב און קינד.

בעסער א זון א בעדער,
איידער א טאָכטער א רבי׳צין.

בעסער די תנאים צורייסען,
איידער די כתובה.

בעסער א יונגע אלמנה,
ווי אן אלטע מויד.

ביי א סך ניאנקעס,
ווערט דאָס קינד דערשטיקט.

דער פרוי׳ס שכל איז איר צירונג,
דעם מאנ׳ס צירונג איז זיין שכל.

ווען ס׳איז ניטאָ קיין ברויט אין הויז,
געהט די ליבע ארוים.

טאטע־מאמע זינדיגען,
און די קינדער קומען אָפּ.

טאטע־מאמע ווי די רוחות,
די קינדער ווי די שדים.

חתונה האָבען און שטארבען,
איז קיינמאָל ניט צו שפּעט.

א בחור ווי א בוים,
א מויד ווי א צימעס.

שפּיל דעם חתן ווייגענדיגס,
ער האָט זיך זיינס אין זינען.

צו דער חופּה געהט מען,
צום גט לויפט מען.

פרעמדע דאגות
נעמען ניט אוועק דעם שלאָף.

ער איז אוועקגעגאנגען,
ווי די מויד פון טאנץ.

חתן, מאך דיר הארץ.

איך מאן, דו ווייב;
איך שלאָג, דו שווייג.

איך האָב דיך ליב,
ווי א פארפוילטע ריב.

בייטאָג צום גט,
ביינאכט צום בעט.

א חסרון,
די כלה איז צו שעהן.

אָן מזל
זאָל דער מענש גאָרניט געבוירען ווערען.

א מאן איז א גלות,
אבער דער גלות זאָל לאנג אָנהאלטען.

איינער האָט ליב דער באבען,
דער צווייטער דעם זיידען.

אלע כלות זיינען שעהן,
אלע מתים זיינען פרום.

אז דאָס ווייב איז א יולדת,
איז דער מאן א יאלד.

א בחור מאכט קידוש,
איבער שפענער.

א הארץ פילט א הארץ.

א גוט מזל,
עלטערט זיך ניט.

איז דאָ געלט,
איז דאָ א חתן.

א קינד איז ערגער ווי א גזלן,
און מ׳מוז נאָך טאנצען אויף זיין חתונה.

א ספר תורה זאָל מען פארזעצען,
און א מיידעל זאָל מען חתונה מאכען.

אז דער זון האָט חתונה,
גיט ער דער ווייב א כתובה און דער מאמע א גט.

אז אן אָרימאן מאכט חתונה,
האָבען די הינט גאנצע קעפּ.

אז דער מאן איז א דאיען,
איז דאָס ווייב א דיניצע.

אז דער מאן איז א רב,
איז דאָס ווייב א רבי׳צין.

דאָס ערשטע ווייב ווי א הונט,
דאָס צווייטע ווי א קאץ,
דאָס דריטע ווי א חזיר.

ווען חתן־כלה קושען זיך,
מעגען די שדכנים געהן א היים.

זאל בעסער דאָס קינד וויינען,
איידער די מאמע.

זאָל זיין א בעדער,
אבי פון דער פרעמד.

חתונה האָבען דויערט א שעה,
און צרות האָט מען דאָס גאנצע לעבען.

יחוס אויפן בית הקברות,
און אין דער היים צרות.

פרי אויפשטעהן און פרי חתונה האָבען
שאדט ניט.

צום גליק
דארף מען קיין חכמה ניט.

אז דאָס ברויט פאלט מיטן פּנים אראָפּ,
איז א סימן, אז די כלה איז הונגעריג.

אז א מיידעל פארזיצט,
איז זי ווי אן אָפּגעלעגטע סחורה.

הוץ דעם נדן,
מוז א מיידעל נאָך האָבען א גוטען צד.

אז דער מאן איז פּסח א מלך,
איז די ווייב א מלכה.

אז דאָס מזל געהט,
קעלבט זיך דער אקס.

ווען דאָס מזל קומט,
שטעל אים א שטול.

גאָט איז א פּאָטער
דאָס מזל איז א שטיף-פּאָטער.

אז דאָס מזל גערט ניט,
מאכט קמץ בית באָ.

שכל און מזל,
איז ווי א רויהער בריליאַנט.

וואָס נוצט מזל
אָן ברכה?

איטליכער קינד
ווערט געבוירען מיט זיין מזל.

אז א מוטער שרייט אויף איר קינד ממזר,
מעג מען איר גלויבען.

אז דער מלמד קריגט זיך מיט דער ווייב,
איז אך און ווער די תלמידים.

איטליכער מלמד
איז א שטיק שלים-מזל.

נדן און ירושה
געהן מיטן טייוועל אין חברותא.

בעסער צען משומדים,
איידער איין שלעכטע ווייב.

פאר א ווייב,
איז קיין סוד ניטאָ.

דערצעהל דער ווייב א סוד,
און שנייד איר אוים די צונג.

די פרוי האָט די יסורים,
און דער מאן מאכט דעם ברית.

## חכמה און נארישקייט

וואָס טויג חכמה,
אז נארישקייט גילט.

צווישען א חכם און א נאר,
איז דער אונטערשייד עטליכע מינוט.

א נאר, א נאר,
און שאָקעלט זיך.

יעדער נאר
איז קלוג פאר זיך.

אז א נאר געהט איבער די קראָמען,
פרעהען זיך די קרעמער.

א נארישקייט
געדענקט זיך.

ווען א קינד זאָגט א חכמה שטופּ עם ארוים,
ווייל ער קען באלד זאָגען א נארישקייט.

אז משיח וועט קומען וועלען אלע קראנקע געהיילט ווערען,
נאָר דער נאר וועט בלייבען א קאליקע.

א ממזר קען מען זיין,
אבער קלוג מוז מען זיין.

א נאר געהט אין באָד אריין,
און פארגעסט זיך דאָס פנים אָפּצוואוואשען.

א נאר איז קראנק,
אויף אלע רמ"ח אברים.

א צו גוטער,
איז א האלבער נאר.

א גאנצער נאר,
איז א האלבער נביא.

אז גאָט וויל איינעם שטראָפען,
נעמט ער ביי אים צו דעם שׂכל.

א בהמה בלייבט א בהמה.

א חלום איז א נאר,
און גאָט איז א האר.

ווען דער נאר איז ניט מיינער,
וואָלט איך אויך געלאכט.

אן עולם איז ניט קיין גולם.

עס איז בעסער פון א קלוגען א פּאטש,
איידער פון א נאר א קוש.

פון אן אייגענעם
האָט מען דאָס גענאר.

כעס וחמה
מאכען א מענש פאר א בהמה.

פון א נאר האָט מען צער.

דער שכל איז א קריכער.

חזנים זיינען נאראָנים.

יעדער הויף האָט זיך זיין נאר.

די עיער ווילען זיין
קליגער ווי די הינער.

די עיער זיינען טאקע קליגער ווי די הינער,
נאָר זיי ווערען באלד פארשטונקען.

אן אָקס געהט קיין אלמיץ,
און קומט צוריק אן אָקס.

א נאר ווייזט מען ניט
קיין האלבע ארבעט.

איין נאר מאכט א סך נאראָנים.

מקח בלייבט מקח,
נאר בלייבט נאר.

קינדער און נאראָנים
זאָגען דעם אמת.

שכל און חרטה
קומען תמיד צו שפּעט.

אלע נאראָנים
האָבען דאָס חתונה פּנים.

א נאר איז א גזר.

אין דער יוגענט א בהמה;
אויף דער עלטער א פערד.

א נאר דארף האָבען
א סך שיך.

אז מען זעיט געלט,
וואקסען נאראָנים.

בעסער א קלוגער רשע,
איידער א גוטער שוטה.

בעסער זיין אונטער קלוגע אונטערטעניג,
איידער איבער נאראָנים א קעניג.

ווייבער האָבען לאנגע האָר
און קורצען שכל.

וואָס איז דער חילוק צו דער נאר אָדער דער קלוגער שלאָגט,
אבי ס'טוט וועה.

ווען גאָט זאָל וועלען זיך צוהערען צו די נאראָנים,
וואָלט די וועלט געהאט אַן אנדער פנים.

מען נארט נישט קיינעם,
נאָר זיך אליין.

## צרות און גליק

צרות טרייבען אויפן בית הקברות.

אז דאָס אומגליק דארף איינעם טרעפען,
טרעפט עס אים אויפן גלייכען וועג.

ביי יעדען אומגליק,
איז אויך פאראן א גליק.

אז מ׳האָט אויף פורים יסורים,
איז אויף פסח חושך.

דער ים איז אָן א גרונט,
און אידישע צרות אָן א ברעג.

א האלבע וועלט לעבט ווי שררות,
די אנדערע לעבט אין צרות.

אבי יאָרען,
צרות קומען אליין.

דער טויט
דערלייזט פון אלע צרות.

שלאָף,
וועסטו די צרות פאַרגעסען.

צרות נעמען אראָפּ דעם קאָפּ.

צרות לעגט זיך צוערשט אויפן פּנים.

אין די בעסטע צייטען זאָלסטו זיין גרייט,
צו באגעגענען צרות און לייד.

מען דאַרף נאָר בעטען אויף יאָרען,
קיין צרות וועט שוין ניט פעלען.

פון פרייד לעבט מען נישט,
פון צרות שטאַרבט מען נישט.

פאר איינעם א טובה,
פארן צווייטען אן אומגליק.

וואָס ירש'נען אידען?
צרות און מערידען.

ס'איז בעסער א סך דאגות,
איידער איין דאגה.

## שעהנקייט און מיאוסקייט

עס איז שענער א מיאוסע לאטע,
איידער א שעהנע לאָך.

ניט דער שעהנער פּנים איז דער עיקר,
נאָר דאָס שעהנע הארץ.

אויף דער מצבה,
קוקט יעדערער אוים שעהן.

אז מען טוט א שטעקען אָן שעהן,
האָט ער אויך חן.

איינמאָל איז שעהן, צווייםאָל האָט נאָך חן,
דריי מאָל האקט מען אוים די ציין.

בעסער פון א שעהנעם א ביס,
איידער פון א מיאוס׳ן א קוש.

די וועלט איז שעהן,
נאָר די מענשען מאכען זי מיאוס.

חן שטייגט איבער שעהן.

## כבוד און אומכבוד, גאוה און עניוות

א נגיד האָט פיינט כבוד
ווי א קאץ סמעטענע.

שטעה ניט אונטערן וואנט,
וועסטו ניט הערען דיין אייגענע שאנד.

דער שענסטער כבוד איז,
אז מען זיצט אין דער היים.

פון אומכבוד אנטלויף,
אָבער דעם כבוד לויף ניט נאָך.

ווער עס אַנטלויפט פון כבוד,
דעם יאָגט נאָך דער כבוד.

צו פיל עניוות,
איז א האלבער שטאָלץ.

בעסער א בושת פנים,
ווי אן עזות פנים.

דער וואָס טוט גאוה טרייבען,
מוז צרות ליידען.

וואָס דער פריץ איז גרעסער,
אלין קלענער איז ער ביי זיך.

## ניט קלאסיפיצירטע

א שיקסע ביים רב
קען אויך א שאלה פסק'ענען.

א שעה פאר שבת
איז נאָך אלץ ניט שבת.

א פאטש פארגעהט
און א וואָרט באשטעהט.

א אידישע ירושה
איז א גילדענער אָדער.

א קינד אָן א פאָטער איז א האלבער יתום.
אָן א מוטער — א גאנצער יתום.

אָדער מען דארף נישט,
אָדער עס העלפט נישט.

א וועלער איז בעסער ווי א קענער.

אויף נישט טאָן,
האָט מען קיינמאָל קיין חרטה ניט.

אז גנבים צוקריגען זיך,
קומט ארויס די גנבה.

אז דאָס לעבען איז זיס,
איז די וועלט הפקר.

אז מען האָט ניט קיין פינגער,
קען מען קיין פייג נישט מאכען.

אז מען ווייזט א הונט א פינגער,
וויל ער די גאנצע האנט.

אז מען וויל ניט דעם רב,
וויל ער א הוספה.

אז מען זאָגט געשטארבען,
איז באגראָבען.

אז מען זאָגט משוגע, גלויב.

אז מען לייגט זיך מיט הינט,
שטעהט מען אויף מיט פליי.

א בארג מיט א בארג קומט זיך ניט צונויף,
אָבער א מענש מיט א מענש יאָ.

א בוים בויגט זיך נאר,
ווען ער איז יונג.

א ביסעל און א ביסעל,
ווערט א פולע שיסעל.

א גאסט אויף א ווייל,
זעהט אויף א מייל.

אדער דער פריץ וועט פגר'ן,
אדער דער הונט וועט פגר'ן.

אויף א יונגען בוים,
שפרינגען אלע ציגען.

אויף א מויל,
איז קיין שלאָס ניטאָ.

אויף א פרעמדער באָרד
איז זיך גוט צו לערנען שערען.

פון א חזיר'שען עק
קאן מען קיין שטריימעל ניט מאכען.

פון וואָס חלומט א גאנז?
פון האָבער.

פון וואָס מען זאָל ניט ריידען,
קומט מען אליין ארויף אויפן טויט.

פונם טויט קען מען זיך ניט אויסקויפען.

א געמאכטע מכשפה
איז ערגער ווי א געבוירענע מכשפה.

אויף א פארכעוואטען פערד
שטעלען זיך אלע פליגען.

אז א פייגעלע פליהט דורך,
לאָזט עס אויך עפּעס איבער.

אז די מיידלאך קאנען ניט טאנצען,
זאָגען זיי אז די קלעזמער קאָנען ניט שפּילען.

אז מען איז ברוגז אויפן חזן,
שפּרינגט מען ניט קיין קדוש.

אז מען האָט ניט קיין מוידען,
טאנצט מען מיט שיקסעס.

אז מען קריגט זיך,
קושט מען זיך נישט.

אז מען שווייגט,
קריגט מען א בעסערען חלק.

אז עס רייסט זיך אָפּ א צווייגעל, וויינט מען;
אז עס פאלט א בוים, שווייגט מען.

אז צוויי זאָגען שכור,
דארף זיך דער דריטער לייגען שלאָפען.

גאָט זאָל אָפּהיטען פון גויאישער תאוה,
און פון אידישער גאוה.

דער אָקס ווייסט ניט פון זיין גבורה.

מיט קיין קאָץ
שיקט מען ניט קיין שלח מנות.

איטליכער סוחר לויבט זיין סחורה.

חרטה איז נישט מעשה סוחר.

באשערט גאָט א סוחר
שיקט דער רוח א מעקלער.

ניט אלע פורים טרעפט זיך א נס.

פורים זיינען אלע שכורים ניכטער.

פורים נאָך דער סעודה,
איז אפילו קיין הונט ניט הונגעריג.

פורים קטן דארף מען זיך אָנשיכור'ן,
אבער יום כפור קטן דארף מען נישט פאסטען

פורים נאָך דער סעודה
איז קיין איד ניט הונגעריג.

א מחלוקת איז ווי א פייער.

שבת שטעך האלטען ניט.

א פוילער שליח צורייסט נאר די שיך.

אז מען האָט ניט קיין סוס,
מוז מען געהן צו פוס.

א ספר אָן אן הקדמה,
איז ווי א גוף אָן א נשמה.

ווען צדקה זאָל קיין געלט ניט קאסטען,
און גמילת חסדים זאָל קיין עגמת נפש ניט מאכען,
וואָלטען געווען א סך צדיקים.

א ליטוואק טוט תשובה,
נאָך פאר דער עבירה.

א גרויסער וואָלקען,
א קליינער רעגען.

אז מען ריכט זיך אויף א גרויסען עולם,
קומט קיין הונט ניט.

א קאָץ צי אן אינדיק,
אבי אן עוף אויף שבת,

אן עזות פּנים קומט גלײַך אין גן עדן אַרײַן.

ניט דער טשוואק איז דער עיקר,
נאָר דער הענג לײַכטער.

אַן עקשן פאַלט תּמיד אין דער בלאָטע אַרײַן.

דאָס גאַנצע יאָר איז זי לײדיק געזעסן,
און ערבֿ יום כּפּור האָט זי אַ זאַק אָנגעהויבן.

נדן און קעסט,
דויערן איבער די פּרעסט.

בײַ אַ קינד איז די נבֿואה אין מויל.

יעדער משל האָט זײַן נמשל.

אַז מ׳איז פרײַ מיט דער צונג,
קריגט מען אַ מתּנת יד.

אַז מ׳פרעגט צופיל,
פאַלט מען אין אַ בלאָטע אַרײַן.

אין מקווה לאָזט מען איבער אַלע עבֿירות.

אײנער האָט ליב זויער מילך,
דער צווײטער מפטיר.

ברויט אונטערוועגנס,
איז קײן משא נישט.

מעשים טובים העלפען ניט,
מעשים רעים שאדען ניט.

אלע מעלות קענען ניט זיין אינאיינעם.

ער איז ניטאָ קיין מעלה אָן א חסרון.

דער מלמד ארבעט מיטן טייטעל,
און דער גביר מיטן בייטעל.

דאָס קערבעל איז ניט קיין ממזר.

ביזטו משוגע,
לאָז זיך בינדען.

משוגע מטורף,
און פארדרעהט נאָר יענעם דעם קאָפּ.

יעדער משוגענער
איז אין תמוז קלאָר.

ביי יעדער מאמע
זיינען אירע קינדער די גרעסטע.

דער מלאך המות זאָרגט זיך ניט,
צי דער טויטער האָט תכריכים.

דער מלאך המות קוקט ניט אין לוח.

אז מען וויל ניט עסען קיין מן,
מוז מען עסען ציבעלעס.

אז די קאַץ געהט אוועק,
שפּילען זיך די מייז.

קהל איז ניט קיין גזלן.

קהל קריגט זיך,
און דעם שמש שמייסט מען.

א פּרנס מעג זיין גרויס ווי א האָן,
זיצט ער פאָרט אויבענאָן.

אז גאָט וויל שטראָפען אַן עם הארץ,
לעגט ער אים א לשון קודש ווארט אַן מויל אריין.

אַן עם הארץ טאָר הויך ניט דאַווענען.

א קאַליקע גיט מען גיכער א נדבה,
ווי א תלמיד חכם.

אז עס קומט אויף קהל א מכה,
קומט אויפן יחיד א בלאָטער.

דער איד ענטפערט תמיד פארקערט:
זאָגט מען שלום עליכם, ענטפערט ער עליכם שלום.

יעדער איד האָט זיין שגעון.

א אידענע אָן א צאינה וראינה,
איז ווי א שגץ אָן א פייפעל.

א אידישע נשמה קאָן מען ניט שאצען.

די נשמה קאָן מען ניט אויסשפּייען.

משה רבינו האָט מיט די אידען
אויך ניט געקענט אויסקומען.

רב משה מעג,
מאשקע טאָר ניט.

אליין דער פּריץ און אליין דער הונט,
איז לעבען אן געזונט.

א גויאיש שפּריכוואָרט,
איז להבדיל א תורה.

אז דער מענש פאלט,
זאָגט אפילו די שפּין אויף דער וואנט
אויך עדות געגען אים.

פון נקי כפּים ווערט מען ניט רייך.

או עושר קאן ווערען אן אָרימאן,
אָבער אן עם הארץ קאן קיין למדן ניט ווערען.

אז מ׳לעגט אריין קדחת
נעמט ארויס א קרענק.

מיר קדחת,
אבי יענעם צו להכעיס.

מאיאָווע קדחת
איז גוט פאר יענעם.

דער וואָס צאָלט ניט קיין סכום,
דארף קיין דעה ניט זאָגען.

דער מאָגען איז דער בעסטער בעל סוד.

ווי אזוי דער בעל עגלה וויל,
אזוי דרעהט ער מיטן דישעל.

וויל מען אלט ווערען,
זאָל מען אויף דער נשמה און גוף אכטונג געבען.

ווער עם ווערט אומזיסט ברוגז,
ווערט ווידער אומזיסט גוט.

אין א מגפה איז א ציג אויך א בהמה.

אליין איז אפילו אין גן עדן
אויך ניט גוט צו זיין.

אלעם אינאיינעם
איז נישטאָ ביי קיינעם.

א מנהג ברעכט א דין.

א משוגענער שלאָגט ניט זיך,
נאָר יענעם.

אן איינגערעדטע קרענק
איז ערגער ווי אן אמת׳ע.

יעדער ווארום האָט זיין דארום.

ווי אזוי מען קלינגט אָן,
אזוי ענטפערט מען.

מען שרייט ניט אוי,
ווען עס טוט ניט וועה.

ניי איז געטריי.

צוליב אמביציע
געהט מען פון גן עדן אין גיהנום.

קליידער אויף דער וואנט
איז ניט קיין שאנד.

פיר אויגען
זעהן מער ווי צוויי.

פרעג ניט דעם רופא,
נאָר דעם חולה.

קיינער טוט ניט יענעם,
נאר זיך אליין.

קליידער מאכען לייט,
און לייט מאכען קליידער.

אז דאָס האַרץ איז פול,
גייען די אויגען איבער.

אז די קאַץ וואַשט זיך,
וועלען זיין געסט.

אז דער וואָגען פאַלט,
זיינען די רעדער צו שווער.

אז דער קצב געהט אוועק,
שפּרינגט דער הונט אויפן קלאָץ.

אזוי ווי מען שפּילט,
אזוי טאַנצט מען.

דער פּנים איז דער גרעסטער מסור.

הינטערן קייזערס מאַנטעל,
מעג מען אַ פייג ווייזען.

ווי מען וואַרפט אַ קאַץ,
פאַלט זי אויף די פיס.

יעדער שטאָט
האָט זיך איר משוגענעם.

עס איז ניטאָ קיין רויז אָן דערנער.

אז מען אַנטלויפט פאַר פייער,
באַגעגענט מען וואַסער.

אז מען האקט האלץ,
פליהען שפענער.

אז מען ווארפט אין דער וואנט א שטעקען,
בלייבט ער שטעקען.

אז מען וויינט זיך אויס,
ווערט גרינגער אויפן הארצען.

אז מען וויל אָפּטאָן דעם בעל עגלה א שפיצעל,
גערט מען ביים וואָגען צופּוס.

אז מען ציהט צו שטארק די סטרונע,
מוז זי פּלאצען.

די אייגענע יענטע,
נאָר אנדערש געשלייערט.

די ווענט האָבען אויך אויערען.

די טאָבטער שטראָפט מען,
דער שנור מיינט מען.

די מעשה האָט שוין א באָרד.

די פעדער איז שטארקער
ווי דער שווערד.

אין א טייך איז דאָ
פארשיידענע פיש.

איינעם ווארפט מען אריין,
דעם אנדערן ווארפט מען ארויס.

א כשר'ער פויגעל
שטעלט זיך ניט אויף א טריפה'נעם חזיר.

א נייער בעזים קערט גוט.

וואו מען ליגט דעם קראנקען,
טוט אים אלין וועה.

בעסער שפעטער,
איידער קיינמאָל ניט.

דווקא דארט וואו ס'איז דין,
רייסט זיך.

דער טויבער האָט געהערט
ווי דער שטומער האָט געזאָגט צום בלינדען
זעה נאָר ווי דער הינקענדיגער לויפט.

אז מען קלאפט אויפן טיש,
רופט זיך אָפּ די שער.

אַן מען קלאפט אָן,
עפענט מען.

אז מען קלינגט,
איז חגא.

אז מען קען ניט אריבער,
מוז מען ארונטער.

אז מען קען ניט בייסען,
זאָל מען די ציין ניט ווייזען.

אז מען רופט דעם רב,
קומט דער גלח.

אז מען שערט די שאָף,
ציטערען די לעמער.

אז ס'איז באשערט איינעם דערטרונקען ווערען,
ווערט ער דערטרונקען אין א לעפעל וואסער.

אז צוויי מתים געהן טאנצען,
ווער ווארפט אין צימבעל אריין?

א טאניץ געהט ניט פאר קיין עסען.

חסרונות זעהט מען נאָר ביי יענעם.

טראָג ניט קיין טובות אין די הייזער.

יעדער איד האָט זיך זיין פעקעל.

יעדער בעל דרשן
דרשנ'ט פאר זיך.

יעדער שענקער לויבט זיין ביר.

כּוח געפינט מען נאָר אין דער שיסעל.

כּעס איז עבֿודה זרה.

לאָז א הונט אויף דער באנק,
שפּרינגט ער אויפן טיש.

ליידיגע הענט,
מאכען קאליע די ווענט.

מיט א אידען איז גוט קוגעל צו עסען,
נאָר ניט פון איין טעלער.

מיט איין אויג זעהט ביי דיר דער בלינדער מער,
ווי דו מיט צוויי אויגען.

מיט איין האנט שטראָפט גאָט,
און מיט דער אנדערער בענשט ער.

מיט איין שוועבעלע,
קען מען פארברענען א גאנצע שטאָט.

מיט דער צייט,
לערנט מען א בער אויך אוים טאנצען.

מיט וואָס דער טאָפּ איז אָפּגעברענט,
דערמיט שמעקט ער.

מיט פרעמדע הענט
איז גוט פייער צו שארען.

מען זאָל ניט געפּרואווט ווערען,
צו וואָס מען קען געוואוינט ווערען.

מען מוז אויסהערען ביידע צדדים.

מען קען ביים ברעג,
אויך דערטרונקען ווערען.

מען קען ניט כאפּען די פיש
פאר דער נעץ.

ניט די מויז איז דער גנב,
נאָר דאָס לעכעל.

נעבען א שווער וואָגען
איז גוט צופוס צו געהן.

דער וואָס רעדט אויף דער משפחה,
האָט ניט קיין ברכה.

אין א גרויסען טייך,
כאפּט מען גרויסע פיש.

אין אורח מכניס אורח.

אין צווייען איז שטארקער.

א ליגנער מוז האָבען
א גוטען זכרון.

אמאָל דארף מען אן אויג צומאכען.

א מענש איז אמאָל שטארקער פון אייזען,
און א מאָל שוואכער פון א פליג.

אן אלטער ברעכט,
און א יונגער בויט,
איז נאָך ניט גלייך.

אן אלטען שארבען
איבערלעבט א נייעם טאָפּ.

אן אָפּגעשיילט איי
קומט ניט גלייך אין מויל אריין.

אן אָקס האָט א לאנגע צונג,
און קען קיין שופר ניט בלאָזען.

אָפּלעגען איז נאר גוט קעז.

א קראנקען פרעגט מען,
א געזונטען גיט מען.

אריין איז די טיר ברייט,
ארויס איז זי שמאָל.

א שטעקען האָט צוויי עקען.

א בעל גאוה,
איז ערגער פון א בעל תאוה.

א ברוגז'ער שלאָפט אליין.

אויף קיין מעשה' פרעגט מען ניט קיין קשיה.

אז מען גיסט נישט אוים די פאמויניצע,
גיסט עס זיך אליין אוים.

אז מען גרייט אָן אום זומער,
האָט מען אויפןווינטער.

אז מען האָט בטחון,
גיט מען אוים די טעכטער.

אז מען האָט ניט קיין ברירה,
מוז מען טאָן א ברירה.

אז מען נעמט ניט אראָפּ דאָס קינד פון טיש,
נעמט עס זיך אליין אראָפּ.

אז עס איז דאָ א פוטער,
וועט שוין זיין א טשוואק עס אויפצוהענגען.

אין א ליידיגען פאס
קאן קיין ברכה ניט אריין.

א מאַלצייט אויף צווייען שפּאַלטען,
אבי זיך ערליך האַלטען.

דעם פויגעל דערקענט מען
נאָך די פעדערען.

דער אָקס ווייסט ניט פון זיין גבורה.

דער זאַטער
גלויבט ניט דעם הונגעריגען.

דריי טאָג איז מען א גאַסט,
דערנאָך ווערט מען א לאַסט.

א טויטען טראָגט מען ניט צוריק.

פון בית עולם טראָגט מען ניט צוריק.

איטליכעם טעפּעל געפינט זיך זיין שטערצעל.

איין אויג וויל אויך שלאָפען.

איין שוואַלב קאָן קיין זומער ניט מאַכען.

איך בין דיר מוחל דיין האָניג
און וויל ניט דיין ביס.

גיס ניט ארויס דאָס אומריינע,
כל זמן דו האָסט נאָך ניט דאָס ריינע.

געשטאָרבען, באַגראָבען,
אראָפּ פון מאַרק.

גרויע האָר זיינען קברות בלעטלאך.

גרויע האָר איז א טעלעגראמע פון מלאך המות.

וואָס מען רייסט ניט אָפּ מיט גוואלד
האָט מען ניט.

דער קרוג געהט אזוי לאנג צום וואסער,
ביז דאָס אויער רייסט זיך אָפּ.

די אויגען זיינען גרעסער ווי דער מויל.

די אויערען מוזען הערען
וואָס דער מויל רעדט.

ביים אויסקערען די שטוב
געפינט מען אלעס.

ביים גלעזעל געפינט מען א סך פריינט.

בינד מיך אויף אלע פיר
און וואַרף מיך צווישען די מייניגע.

בעסער איין גוטער פריינט,
איידער צען פיינט.

בעסער א לעבעדיגער הונט,
ווי א טויטער לייב.

בעסער דאָס ביטערע פון גאָט,
איידער דאָס זיסע פון מענשען.

בעסער דעם בעקער ווי דעם דאקטאר.

בעסער פיר אין פריידען,
איידער צוויי אין ליידען.

גאָט באשערט דעם טרינקער זיין וויין,
און דעם שפינער זיין פלאקס.

א גאנץ יאָר שיכור,
פורים ניכטער.

המן טאשען איז גוט צו נאשען.

עס פאלט אים גאָלע גימל.

פורים איז קיין יום טוב,
און קדחת איז קיין קרענק.

ער האָט א פנים
ווי א פורים קוילעטש.

עס קוקט אויס ווי א פורים שפיל.

עס איז אזוי ווייט
ווי פון אסתר תענית ביז פורים.

ער ווייס ניט פון ארור המן
ביז ברוך מרדכי.

ער הערט אים ווי המן דעם גראגער.

הערען, זעהן, און שווייגען.

השמר לך פען.

וואו מען ווארפט א שטעקען,
געפינט מען א הונט.

וואו צוויי איז ער א דריטער.

וואָס אלטע שפייען,
טוען יונגע קייען.

וואָס ביי א ניכטערען אויף דער לונג,
איז ביי א שכורן אויף דער צונג.

וואָס דער מענש טוט זיך אליין,
וואלטען אים צען שונאים ניט געטאָן.

וואָס עלטער אלץ קעלטער.

וואָס מען כאפט אריין,
איז פארפאלען.

וואָס קומט ארויס פון דעם גוטען ביר
אז די פאס איז א שלעכטע?

ווי מען בעט זיך אויס,
אזוי שלאָפט מען.

ווי מען שמירט, אזוי פאָרט מען.

ווי קומט די קאַץ איבערן וואַסער?

ווען זינגט אַ איד?
ווען ער איז הונגעריג.

ווענט האָבען אויערען,
גאַסען האָבען אויגען.

ווען פרעהט זיך דער הויקער?
ווען ער זעהט אַ גרעסערען פאַר זיך.

ווער עס גראָבט אַ גרוב פאַר אַן אנדערען
פאַלט אין איר אַליין אַריין.

ווער עס טראָגט צו מיר,
טראָגט אויך פון מיר.

ווען אַ נאַר שווייגט
האַלט מען אים פאַר אַ חכם.

ווער עס קען קיין פולווער ניט שמעקען,
דער טאָר אין דער מלחמה ניט געהן.

גאָלד שיינט אַרויס אפילו פון דער בלאָטע.

גאָלדענע כלים ווערען קיין מאָל ניט שוואַרץ.

דער גיהנום איז ניט אַזוי שלעכט,
ווי דער קומען צו אים.

דער שרעק פארן טויט
איז ערגער ווי דער טויט אליין.

דער ערגסטער שלום איז בעסער
ווי די בעסטע מלחמה.

דער בעסטער שפּאציר,
איז פאר דער אייגענער טיר.

א פריינט דערקענט מען אין א נויט.

דאָס גוטע איז ניט אויף שטענדיג
און דאָס שלעכטע איז נישט אויף שטענדיג.

די חלה געהט אריין אין דער מוציא.

די וועלט דרעהט זיך
און מיר דרעהען זיך מיט.

דער טייוועל איז ניט אזוי שווארץ
ווי מען מאָלט אים.

וואָס מען קאכט,
דאָס עסט מען.

הונדערט און איינס, איז אלץ איינס.

האלט אים פאר א מלאך גבריאל
אָבער געטרוי אים ניט פיל.

אן אָרימאַן איז געגליכען צו א טויטען.

וואָס ערגער מען שטעלט זיך פאָר,
אלץ בעסער איז עס.

אפילו ווען דער חלף ליגט אויפן האלז,
טאָר מען דעם בטחון ניט פארלירען.

ווען ביידע צדדים זיינען גערעכט,
איז טאקע זעהר שלעכט.

וואָס קלענער דער עולם,
אלץ גרעסער די שמחה.

א מענש טראכט,
און גאָט לאכט.

א קאץ שיקט מען ניט
נאָך קיין פוטער.

א שם טוב
איז בעסער ווי אן אבן טוב.

בחנם קריגט מען כנים.

ביי יענעם זעהט מען א פינטעלע,
ביי זיך זעהט מען ניט קיין באלקען.

בעסער צו געהן איבערן לאַנד,
איידער צו ליגען אין זאמד.

בעסער א וועהטאָג אין הארצען,
איידער א חרפה אין פנים.

בעסער אין גויאישע הענט,
איידער אין אידישע מיילער.

בעסער שפּעטער,
איידער קיינמאָל ניט.

גאָט וואַרימט נאָך די קליידער נאָך.

גוט עסען איז געלט אויף פּראָצענט.

גאָט היט מיך פאר מיינע פריינט,
פאר מיינע שונאים וועל איך זיך אליין אויסהיטען.

א לאנגע קרענק,
איז א זיכערער טויט.

א גוטען מענשען וועט די שענק ניט קאליע מאכען
און א שלעכטען מענשען וועט דער בית מדרש ניט אויסבעסערען.

אז אליהו הנביא איז דער בעל עגלה,
פאָרט מען גיך.

א איד א למדן קען קיין חסיד ניט זיין,
און אן עם הארץ קען קיין אפיקורס ניט זיין.

א רשע העלפט אזוי מוסר
ווי א טויטען באנקעס.

אן עקשן איז ערגער ווי א קאליקע.

דער וואָרים ליגט אין כריין און מיינט,
אז קיין בעסערס איז גאָר נישטאָ.

לעגט זיך ווי א לעמעלע,
און שטעהט אויף ווי א לייבעלע.

מיט איין הינטען
קאָן מען נישט זיין אויף צוויי יארידים.

מיט האָפען און הארען,
טוט מען די יאָרען אָפּנארען.

מיט מיטגעבראכטען ברויט
איז מען אומעטום א גוטער אורח.

ער מיינט ניט די הגדה,
נאָר די קניידלאך.

ער מיינט ניט די חרוסת,
נאָר די ארבע כוסות.

מען וויל זיך עלטערען,
אבער מען וויל ניט זיין אלט.

מיט וואָס פאר אן אויג מען קוקט איינעם אָן,
אזא פּנים האָט ער.

מען באגריסט נאָך די קליידער,
מען באגלייט נאָך דעם שׂכל.

מיטן בעסטען הונט
איז ניט גוט קיין עסקים צו האָבען.

מיט גוטע רייד
קאָן מען אויך די עצמות ארויסנעמען.

מען דארף זיך גיכער היטען פאר מענשען
ווי פאר גאָט.

משוגענע גענז, משוגענע גריוועז.

מעגסט זיין א שניידער,
אָבער זיי ניט קיין שניידער.

נישט אלע צייטען געהן אוועק מיט איין צייט.

ניין רבנים קאָנען קיין מנין ניט מאכען,
אבער צען שוסטערס יאָ.

עס מעג זיין נעבען מיר,
אבער ניט ביי מיר.

ס׳איז בעסער פריהער געזען,
ווי נאָכדעם געזען.

ס׳איז בעסער א איד אָן א באָרד,
ווי א באָרד אָן א איד.

ס׳איז בעסער א איד אָן א היטעל,
איידער א גוי מיט א היטעל.

עס איז לייכטער צו מאכען א בארג קלענער,
איידער א מיאוס פנים שענער.

ס׳איז בעסער צו טראָגען די וואָכעדיגע מלבושים אום יום טוב,
איידער די יום טוב׳דיגע מלבושים אינדערוואָכען.

ס׳איז בעסער דער ערשטער רוגז,
איידער דער צווייטער רוגז.

ס׳איז ניטאָ קיין גוטס אָן א ביסעל שלעכטס,
ס׳איז ניטאָ קיין שלעכטס אָן א ביסעל גוטס.

עס זאָל זיך אזוי נישט טרעפען
ווי עס טרעפט זיך.

אז עסען חזיר
זאָל רינען איבער דער באָרד.

פֿאַר א גנב טאָר מען קיין תליה ניט דערמאָנען.

פֿאר נויט טוט מען אָן דעם שבת אינדערוואָכען.

פֿון איילעניש קומט קיין גוטס נישט ארויס.

פֿארוואָס איז קיין קשיה ניט,
און ווארום איז קיין תירוץ ניט.

פֿארשטונקענע פֿיש געגעסען,
און פֿון שטאָט ארויסגעטריבען.

פֿון עוולות לעבט מען.

פֿון אויבען פֿוין,
פֿון אונטען שמוין.

אין דער שיסעל פֿון וועלכער מען עסט
טאָר מען נישט שפּייען.

פֿון זאָגען פֿארגעהט מען ניט אין טראָגען.

שפּיי ניט אין ברונים,
וועסט נאָך פֿון אים דארפֿען וואסער טרינקען.

פֿון מעשה׳ס דערציילען
קאן מען קיין וועטשערע ניט קאכען.

צו פארהיטען א קרענק
איז לייכטער ווי צו היילען א קרענק.

קנאה ברענגט שנאה.

גנבים און פארליבטע
האָבען ליב פינסטערניש.

קהל'שע געלט האָט אין זיך א מאגנעט.

רחמנות איז אָפטמאָל אכזריות.

ריידען איז זילבער,
שווייגען איז גאָלד.

שווארץ איז צום הארץ.

ווען ס'איז ניטאָ קיין פיש
איז הערינג אויך פיש.

פאר א גר טאָר מען קיין גוי ניט שעלטען.

ער ווייסט ניט פון ארור המן ביז ברוך מרדכי.

א אידישע קישקע איז גאָרניט אָפצושאצען.

אלע סימנים געהן אונטער,
נאר דער סימן דלות בלייבט.

אז מ׳גיט נישט מיט גוטען,
גיט מען מיט בייזען.

אז דער אורח הוסט,
פעלט אים א לעפעל.

אז מען פרעגט א שאלה איז טריף.

אז מען איז אלט איז מען נים יונג.

אידען זיינען גרויסע פילאַנטראָפען —
פאר א גוט מאָרגען גיבען זיי א גוט יאָר.

אן אמת מעג מען זאָגען
אויף אן אייגענעם טאטען.

אז מען וויל גוט בודק זיין
איז אלעס טריף.

ווען א שכור האָט ניט קיין בראָנפען,
רעדט ער כאטש פון בראָנפען.

אז מען עסט ניט קיין קנאָבעל
שמעקט ניט פון מויל.

אז מען בעט פאר יענעם
ווערט מען אליין געהאלפען.

א שדכן מוז זיין א ליגנער.

אן ארימאן און א קראנקער
זיינען שטענדיג תקיף.

אויף שווארצער ערד
וואקסט די בעסטע תבואה.

איינער ווערט קראנק פון איבערעסען,
דער צווייטער פון נישט דערעסען.

איינער קלאָגט זיך וואָס די פערל זיינען שיטער,
דער צווייטער, וואָס די קאשע איז ביטער.

אלע משוגעים שלאָגען יענעם די פענסטער אוים.

אויף א שלאנג טאָר מען קיין רחמנות ניט האָבען.

א איד איז זיך ניט מגיר,
און א גוי שמד'ט זיך ניט.

אז מען פרעגט בלאנדזשעט מען ניט.

אכילה איז די בעסטע תפלה.

אויף יענעמ'ס א שמחה האָט מען אפעטיט.

דער אפעטיט קומט מיטן עסען.

איין האנט וואשט די צווייטע.

אויף מצות און תכריכים מוז זיין.

א נייער קעניג, נייע גזירות,
א ניי יאָר, נייע עבירות.

אז מען פליהט צו הויך,
קערט זיך איבער דער מוח.

אן אָרימער מיוחס
איז געגליכען צו די שברי לוחות.

ווי עס קריסטעלט זיך,
אזוי אידעלט זיך.

אין ברירה איז א גרויסע גזירה.

א מכה איז גוט ביי יענעם אונטערן אָרעם.

אפילו גאָלד שלאָגט מען אויך.

אז עס ברענט ביים שכן
ביזטו אויך אין סכנה.

ארבעט מיידעל, וועסטו האָבען א קליידעל.

א גמילת חסד איז ביי גאָט טייערער ווי א נדבה.

א נקמה איז א האלבע נחמה.

אז מען איז אין סכנה,
כאפּט מען זיך אָן א שארף פון א שווערד.

אלע יונים האָבען איין פּנים.

אליין איז די נשמה ריין.

אין וואָס פאר א שול מען דאווענט,
אזא קדושה שפּרינגט מען.

אז מען זייהט ווינט, וואקסט שטורם.

אז מען האָט ניט קיין אתרוג,
דארף מען קיין פּושקע ניט האָבען.

אויף נישט געהן און נישט פאָרען,
זאָל מען קיינמאָל קיין חרטה ניט האָבען.

אויף קיין גייעם קיסר טאָר מען נישט בעטען.

א פעטער רב און א מאָגערער גלח
טויגעןביידע ניט.

אויף פרעמדע קברים
וויינט מען זיך די אויגען ניט אויס.

א חזן אָן א קול
איז ווי א שאָף אָן וואָל.

א גוטער שכן איז בעסער
ווי א שלעכטער קרוב.

א קצב בעט אויף כשר
און א בעדער בעט אויף טריף.

בעסער א גוטער שונא
איידער א שלעכטער פריינט.

בעסער צו זיין גוט איידער פרום.

ביז דער קרעטשמע
דארף מען אויך א טרונק.

ביינאכט זיינען אלע שאָף שווארץ.

ביז מען דערלעבט די נחמה
געהט ארויס די נשמה.

בעט א פארך צו א מנין
ווערט ער ביי זיך גרויס.

גאָרנישט געלערנט, גאָרנישט פארגעסען.

גאָט שפּייזט אפילו א ווערימעל
וואָס ליגט אונטער א שטיין.

גאָרנישט איז גוט צו די אויגען.

גאָט איז אן אבי יתומים.

גאָט איז א פאָטער,
אז ער גיט ניט קיין מכה,
גיט ער א בלאָטער.

דער אתרוג קאסט דאָס גאנצע געלט
און אויפן לולב מאכט מען די ברכה.

דאָס בעסטע מילכיגס איז א שטיקעל פלייש.

דער גלייכער וועג
איז דער קירצסטער וועג.

דער גנב פאר דער טיר
איז דער בעסטער שומר.

דער מלאך המות שעכט
און בלייבט גערעכט.

וואו ס'איז א רויך
דארט איז א פייער.

דאָס לייב איז נעהענטער ווי די העמד.

דארט איז גוט
וואו מיר זיינען ניטאָ.

דעם ליגנער גלויבט מען ניט
אפילו ווען ער זאָגט דעם אמת.

דער בעסטער חבר איז דער רוגז.

דאָס הארץ איז א האלבער נביא.

דעם שכנ'ס ציג
שלאָגט איבער דעם באַלעבאָס קוה די פיס.

דער אמת שווימט ארויף
ווי בוימעל איבער וואסער.

דאָס לייכטסטע איז צו געבען יענעם אן עצה,
דאָס שווערסטע זיך אליין.

דער אויבערשטער שיקט די רפואה פאר דער מכה.

די ביליגסטע מצוה איז צו באגראָבען א אידען.

דער וואָס זאָרגט נאָר פאַר זיך אַליין,
האָט אַ האַרץ און אַ נשמה ווי אַ שטיין.

הימעל און ערד האָבען געשוואָרען
אז קיין סוד זאָל גישט געהן פארלוירען.

וואָס צו איז איבעריג.

וואָס צו טויג נישט.

ווער עס פארשאפט יענעם ליידען,
פארשווארצט זיך זיינע פריידען.

ווער עס פארגינט נישט יענעם
האָט אליין אויך גאָרנישט.

וואָס טייער איז ביליג,
וואָס ביליג איז טייער.

וואו תורה דארט איז חכמה.

וואו תורה דארט איז קלאָטשע.

ווער עס שטעלט אין קאָן,
מעג שפּייען אין קאָן.

ווער עס שטייגט הויך פון רויב,
פאלט אויך נידעריג ווי שטויב.

ווי די מתים עסען
אזא פנים האָבען זיי.

וואָס דו האָסט היינט צום עסען, עס מאָרגען;
וואָס דו האָסט מאָרגען צו טאָן, טו היינט.

זיי מיר ניט קיין קרוב
און איך וועל ניט זיין דיין ערוב.

זיי מיר ניט קיין פעטער
און נעה מיר ניט קיין שיך.

בעדאי זיך אויסשטעכען ביידע אויגען
אבי יענעם איין אויג.

זאָל זיין פון א קאָזאק,
אבי צום לעבען.

זיי א צדיק, אָבער ניט קיין וצדקתך.

טוסטו גוטס, טוסטו פאר זיך,
טוסטו שלעכטס, טוסטו עס אויך פאר זיך.

מ׳דארף זיך מער היטען פאר מענשען ווי פאר גאט.

לעבען זאָל מען צווישען גוים,
שטארבען צווישען אידען.

יענעמס מכה איז נישט מיין רפואה.

יעדער מענש איז א גאנצער עולם קטן.

ניט יעדערער אויף וועמען הינט בילען איז א גנב.

זאָל זיין גראָה, אבי ס'איז דאָ.

ווען א חזיר וואלט געהאט הערנער,
וואלט די וועלט קיין קיום ניט געהאט.

עס איז נישטאָ קיין אָרים קהל.

פון א היימישען גנב
קען מען זיך ניט אויסהיטען.

צו יעדערענס עצה זאָל מען זיך צוהערען,
נאָר ביי דער אייגענער דעה זאָל מען זיך האלטען.

צו באַרשטש דארף מען ניט קיין ציינער.

ס'איז בעסער צו שלאָפען מיט א געזונטען קאָפּ אין א
צובראָכען בעט,
איידער מיט א צובראָכענעם קאָפּ אין א גאנץ בעט.

ס'איז בעסער צו טאָן טובות,
איידער זיין שולדיג חובות.

ער לעגט די טומאה אין דער יראה.

פארליבטע האָבען גלעזערנע אויגען.

וואָס פאר א גוט מארגען, אזא גוט יאָר.

ער כאפט די פיש פאר דער נעץ.

פאר גאָט זאָל מען וויינען,
פאר מענשען לאכען.

פון נחת לעבט מען ניט,
פון צרות שטארבט מען ניט.

שטילע וואסערלאך גראָבען טיף.

עס לאכט זיך אליין,
עס וויינט זיך אליין.

ער פילט זיך ווי א פיש אין וואסער.

ער קנייפט זיך די באקען,
אז די פארב זאָל שטעהן.

ער קוקט ווי א האָן אין בני אדם.

מ׳דארף עס ווי א פינפטען ראד צום וואָגען.

ער איז אזוי הונגעריג
ווי דעם מילנער׳ס הון.

מען דערקאנט דעם פריין נאָך די שטיוועל.

פון איילעניש קומט קיין גוטס ניט ארויס.

קוילע מיר מיינע גענז, וויפיל?
איין גאַנער.

קוק זיך ניט ארום,
וואָרים וועסט ווערען א שטיק זאַלין.

וואָס איינער האָט אין זיך,
ווארפט ער פון זיך.

מען מעג עסען,
אָבער ניט פרעסען.

טאטע, דו לאכסט?
אז אך און וועה צו דיין געלעכטער.

ער האָט אויסגעביטען א שוך אויף א לאפטשע.

אדם א מענש קאטשקע דרעה זיך.

ריבא—פיש, געלט אויפן טיש.

ער האָט אָנגעכאפּט גאָט ביי די פּיס.

ער מיינט,
ער האלט שוין גאט ביי דער באָרד.

עס ווענדט זיך,
וואו דער המור שטעהט.

ווען דער היטעל מאכער זאָל קענען אלע היטלען מאכען
אויף איין מאָס,
וואלט ער נישט געהאט וואָס צו זאָרגען.

אַן אָקס האָט א לאנגע צונג
און קען קיין שופר ניט בלאָזען.

קיין מלומדות ווארפט מען ניט אוועק.

קיין ליגען טאָר מען ניט זאָגען,
ד'עם אמת קאָן מען ניט זאָגען.

א מוכר ספרים איז ניט קיין למדן,
א חלפן איז ניט קיין עושר.

א מענש איז נעבאך נישט מער ווי א מענש.

א מענש איז נישט קיין מלאך.

אז מ׳לעגט אונטער איין איי,
נעמט מען ארויס צוויי.

אז מ׳ווייזט א הונט א פינגער,
וויל ער די גאנצע האנט.

א גאנץ יאָר האדעוועט מען די כפרה
און ערב יום כפור פליהט זי אוועק.

אז מ׳ציילט ספירה,
קומט אויף די קלעזמער א פגירה.

א כפרה די כהונה פאר א שעהן פנים.

א כפרה א יחיד פאר א רבים.

א נעמער איז נישט קיין געבער.

אז מען טרעפט נישט, פעלט מען.

א הארץ איז געגליכען צו א זייגער,
עס געהט אזוי לאנג ביז עס שטעלט זיך אָפּ.

אז מ׳גנב׳עט ארויס די קוה,
שליסט מען צו די שטאַל.

א מענש איז א מענש,
ווייל א מענש איז א מענש.

א טוב לבול איז רע לבול.

אז א חסיד ווערט אויפגעקלערט,
שעלט ער גאט אין טאטען אריין.

אלע הס ושלום׳ס זיינען מעגליך.

אן אלטער איז גלייך צו א קינד
און א קינד איז גלייך צו א חזיר.

א קליין קינד איז א חזיר,
א גרויס קינד איז א וואָלף.

א שלעכטע התחלה ברענגט צו א מפלה.

א גוטער אָנהויב איז א האלבע ארבעט.

ווען איז ביי א הונט א יום טוב?
ווען מען צוברעכט אים א פוס.

וואו א ויהי, דארט איז א צרה.

איבער אן אָנגעהויבענער חלה
מאכט מען קיין „המוציא" ניט.

א הונט טאָר קיין דיין ניט זיין.

אז מ׳מאכט צו דעם לאָדען
מיינט מען, אז ס׳איז א פלאָדען.

קנייפּ די באקען אז די פארב זאָל שטעהן.

וואָס איינער פארדינט זיך
דאָס האָט ער.

אויף קיין נסים טאָר מען זיך ניט פארלאָזען.

אז מען פארלאָזט זיך,
קריגט מען א פּארך.

אז מ׳קלינגט איז א חגא,
א שרפה אָדער א פּגר.

אז מ׳וויינט וויינט מען אליין,
אז מ׳לאכט לאכט די גאנצע וועלט מיט.

בעסער פארלירען דעם הוט
איידער דעם קאָפּ.

גאט זאָל אָפּהיטען פון אידישער חוצפה,
אידישע מיילער און אידישע קעפּ?

די גאנצע וועלט איז ווי א חלום,
אלץ איז הבל הבלים.

די קראָה פליהט הויך
און זעצט זיך אויף א חזיר.

דער לוח טרעפט אמאָל אויך ניט.

דער מענש זינדיגט
און דער האָן איז די כפרה.

דער מאָגען איז דער גרעסטער בעל סוד.

דער סוף איז גוט, איז אלעס גוט.

דער געזונטסטער מאָגען איז דער מגן אבות.

דאָס בעסטע עפּעלע כאפּט אוים דער חזיר.

דאָס עפּעלע פאַלט ניט ווייט פונם בוימעלע.

דער חזיר איז טריף
אבער דער מקח איז כשר.

דאָס הארץ איז א האלבער נביא.

הערצער פילען זיך.

האוהז ביד איז די בעסטע תפילה.

הונגער איז א בייזער באלעבאָס.

וואָס מען זייעט דאָס שניידט מען.

ווי אזוי דער חזן זאָל ניט זינגען
קריגט ער אלץ אין טאטען אריין.

ווי אזוי איינער נעמט זיך פאַר,
אזוי העלפט אים גאָט.

ווען זינגט א איד?
ווען ער איז הונגעריג.

ווען פרעהען זיך די חדר אינגלאך?
ווען דער רבי זיצט שבעה.

זכות אבות איז קיין קאטאָוועס.

טויטע מאכען נישט קיין טעותים.

לעב און לאָז לעבען.

מען קאן מאכען דעם חלום גרעסער ווי די נאכט.

יעדער מערכה איז פון גאָט'ס השגחה.

מיטן מלאך המות
טרייבט מען ניט קיין קאטאָוועס.

מיט א אידען איז נאר גוט
אין שוהל אריין צו געהן.

ס'איז בעסער דאָס ערגסטע פון בעסטען
ווי דאָס בעסטע פון ערגסטען.

ער איז ניט קיין בן יחיד ביי גאָט.

פאר א זעקסער א האָן
און דרעהט זיך אויך אין קאָן.

פריש, געזונט און משוגע.

פאר צווייען איז שוין מער ניט קיין סוד.

פאר קיין שונא קען מען זיך ניט אויסהיטען.

פארן טויט ווערט אלעמאָל בעסער.

צוויי אויגען זעהן מער ווי איין אויג.

צוויי מאָל האָט מען ניט חרטה.

דער השבון איז צדק,
און דער קלאג איז פארטיג.

א לעבערדיגען זאק קען מען ניט אָנשטאפען.

אן אָרימאן מאכט א זול און א יקרות.

וואָס מען שרייבט אָן מיט דער פען
קען מען מיט קיין האק ניט אויסהאקען.

ווער עס איז שעהן,
אבער איך בין קלוג.

איין שטיקעל האלץ קען אליין ניט ברענען.

עס האָט דעם אויסזעהן ווי אן אָרים באדעקענס.

אן אמת מעג מען זאָגען אן אייגענעם טאטען.

דעם ליגנער גלויבט מען אפילו דעם אמת אויך ניט.

ביי בואי בשלום שטעהט דער אָרימאן אויבען אָן.

אין לי איז די בעסטע טענה.

אז מען גרייט זיך אָן אין דער יוגענט
האָט מען אויף דער עלטער.

אז די קאץ לעקט זיך וועלען קומען געסט.

ווען עס קומען געסט איז מען אליין אויך נהנה.

אז מען לעגט אריין א פינגער אין מויל
בייסט מען אים אָפּ.

שטעק ניט דעם קאָפּ
צום וואָלף אין מויל אריין.

שטופּ זיך נישט וואו מען רופט דיך נישט.

פאר א קראנקען לאָזט מען איבער,
אָבער ניט פאר א ברוגז'ן.

מער גנבים, מער שטריק.

אַן אלמנה איז א סכנה,
א גרושה איז א בושה,
און א בתולה איז א גדולה.

לעג נישט דאָס לעבעדיגע אויפן טויטען.

פאר אָנבאָטען קומט קיין פּאטש ניט.

דער רבי'צען מעג מען אויך פארשלאגען.

שיינקייט פארגעהט און חכמה באשטעהט.

ווען אָרימע מוידען געהן טאנצען
הערען די קלעזמער אויף צו שפּילען.

אז די מוידען שלאָפען וואקסען זיי,
אז זיי וואכען עסען זיי.

זאָג נישט האפּ
ביז דו שפּרינגסט ניט אריבער.

פון א יאלאָווער קוה
קען מען קיין פּוטער ניט שלאָגען.

ס'איז בעסער פּיסטנע ברויט אין פרידען,
איידער געשטאפּטע קאָפּ הינער אין קריג.

וואויל איז דעם וואָס ווערט באגליקט אויף דער עלטער.

די אויגען זיינען דער שפּיגעל פון דער נשמה.

מענש צו מענש איז ניט קיין וואלף.

מיט איין האנט שטראָפט גאָט,
מיט דער צווייטער העלפט ער.

דער אמת וועט דעם שקר באווייזען.

א האלבער סילוק איז א גאנצער נדן.

אָפּגערעכענט איז האלב באצאָלט.

צרות לייגען זיך נישט אין די קליידער
נאר אין די ביינער.

נאָך א חתונה קומט א ברית.

ניט אין איין טאָג איז דער בית המקדש געבויט געוואָרען.

א בן זקונים איז א פארטיגער יתום.

## גוטס און שלעכטס

א שלעכטער פורים
איז א גוטער שושן פורים.

אז א רשע קוקט אין וואסער אריין
פגר'ן די פיש.

א שלעכטע אם
איז פארן קינד סם.

דער בעסטער משא ומתן
איז מיט גאָט.

א פוילען איז גוט צו שיקען
נאָכן מלאך המות.

סוכות עסט מען גוט
און מען שלאָפט שלעכט.

א אידישע עין הרה
איז ערגער פון א גוי'אישען כשוף.

דעם אידען איז אמאָל בעסער ווי דעם משומד:
דער איד קען זיך שמד'ן, דער משומד ניט.

אז דער פריץ איז גוט,
איז דער גאנצער הויף גוט.

וואָס פאר א פריץ אזעלכע הינט
און אזא הויז געזינד.

אין ניסן איז גוט צו שטארבען
אבער נאר פאר יענעם.

ראש חודש ניסן
איז א טייערער ביסען.

בעסער אָנצוקומען צו עלינו
ווי צום בעסטען מענשען.

אלע עליו השלום'ס זיינען גוט.

דער מענש האָט צוויי ברירות:
אדער קריעה רייסען אדער פארשווארצט ווערען.

ווי דער שררה,
אזוי דער משרת.

אויף א שלעכטען פריץ
טאָר מען קיין מפלה ניט בעטען.

מיט קהל איז זיך שלעכט צו משפטן.

אויף גוטס איז יעדערער א מבין.

א גוטען העלפט א ווארט,
א שלעכטען העלפט קיין שטעקען אויך ניט.

א גוטער איד דארף קיין בריף,
א שלעכטען אידען העלפט קיין בריף.

גוטע בשורות
הערט מען פון דער ווייטען.

